# אַ בּריוו

פון דר. ש. מאַרגאָשעס

און

# אַן ענטפער

פון פּ. נאָוויק



אַרויסגעגעבן פון דער „מאָרגן-פרייהייט"

ניו יאָרק, 1967

פרייז: 10 סענט

# וואָס האָט אַרויסגערופן דעם בריוו־אויסטויש?

דעם 2טן אַפּריל פון היינטיגן יאָר (1967) איז די „מאָרגן־פרייהייט" געוואָרן 45 יאָר אַלט. צו דער געלעגנהייט איז אַרויס זייער אַ רייכער יובילייִ־נומער „מאָרגן־פרייהייט", אין 80 זייטן, דאַטירט זונטאָג, דעם 2טן אַפּריל, 1967. אין ניו יאָרק איז דעם זעלביגן טאָג פאָרגעקומען אַ גרויסע פאָלקס־פייערונג אין האָנטער קאַלעדזש, מיט אַ באַזוך פון אַרום צוויי טויזנט מענטשן. אין לאָס אַנדזשעלעס, שיקאַגאָ, פילאַדעלפיע, מיאַמי, באָסטאָן און אַנדערע שטעט, זיינען פאָרגעקומען פאָלקס־פייערונגען.

ערב דעם יובילייִ, אינמיטן חודש מערץ, האָט פּ. נאָוויק, אַלס רעדאַקטאָר פון דער „מאָרגן־פרייהייט", אַרויסגעשיקט אַ בריוו צו אַ ריי פערזענלעכקייטן אינעם אידישן לעבן, איינלאַדנדיג זיי אַרויסצוזאָגן אין דעם יובילייִ־נומער „מאָרגן־פרייהייט" זייער מיינונג וועגן דער ראָל פון אַ אידישער צייטונג אינעם איצטיגן מאָמענט.

אויף דעם האָט פּ. נאָוויק געקראָגן אַן ענטפער פון דר. ש. מאַרגאָשעס, דאַטירט דעם 30טן מערץ. דאָ דרוקן מיר דעם בריוו זיינעם, צוזאַמען מיט אַן ענטפער פון פּ. נאָוויק אויף דעם בריוו (זיי זיינען דערשינען אין דער „מאָרגן־פרייהייט" דעם 16טן און 17טן אַפּריל).

דר. ש. מאַרגאָשעס, געוועזענער רעדאַקטאָר פון „טאָג", איז אַ באַקאַנטער אידישער פּובליציסט און קולטור־טוער, דרוקט אַרטיקלען אין פאַרשיידענע אויסגאַבן, אויף אידיש און ענגליש, פירט אָן מיט אַן ענגלישן קאָלום אין „טאָג מאָרגן־זשורנאַל". ער איז אַ פירנדיגער ציוניסט, מיטגליד אין דעם אַקציאָנס־קאָמיטעט פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע און איז דער פאָרזיצער פון דעם אידישן קולטור־קאָנגרעס אין די פאַראייניגטע שטאַטן.

לייענט אויף זייט 3 און ווייטער זיין בריוו צו פּ. נאָוויק'ן און דערנאָך — דעם ענטפער פון פּ. נאָוויק אויף דעם בריוו.

# דער בריוו פון דר. ש. מאַרגאָשעס

פּ. נאָוויק, רעדאַקטאָר „מאָרגן פרייהייט“, נ. י.

חשוב'ער פּ. נאָוויק!

איך האָב דערהאַלטן מיט אַ שטיקל פאַרשפּעטיגונג אייער בריוו, אין וועלכן איר לאַדט מיך איין אַרויסצוזאָגן זיך וועגן די 45 יאָר „מאָרגן פריי־הייט“ אין אייער יובילעי־נומער, און צו באַנוצן זיך מיט בייגעלייגטע צווי בילעטן ביי דער פאָלקס־פייערונג לכבוד דעם „מאָרגן פרייהייט“ יובילעי. איך באַדויער וואָס צוליב דער פאַרשפּעטיגונג, וועל איך ניט קאָנען אָנוועזנד זיין אויף אייער פייערונג. יעדנפאַלס, וואָלט נאָך נויטיג געוועזן אַ היפּש ביסל אויפקלערונג און נאָך אַ סך וואָסערן וואָלטן געמוזט אָפּפליסן אין דער פאַרגעסנקייט אַריין ביז אַזאַ באַטייליגונג פון מיין צד אין אייערער אַ שמחה וואָלט געווען מעגלעך.

אין אייער בריוו ווילט איר וויסן וואָס איז מיין מיינונג וועגן דער ראָלע פון אַ אידישער צייטונג אין דעם איצטיגן מאָמענט, און איר פאַר־רופט זיך אויף אייער אייגענעם אויפטו, — „העלפנדיג כסדר בויען אידישע פאָלקס־קולטור, קעמפנדיג געגן אַנטיסעמיטיזם, פאַר דער זיכערקייט פון מדינת ישראל, פאַר איינינקייט אין דעם אידישן לעבן“. מיין מיינונג איז, אַז די ראָלע פון אַ אידישער צייטונג אין דעם איצטיגן מאָמענט, און ניט נאָר אין דעם איצטיגן מאָמענט, נאָר תמיד, — דאַרף זיין צו דינען אידישע אינטערעסן. מ'קאָן, פאַרשטייט זיך, אַזוי אויסטייטשן „אידישע אינטערעסן“, אַז עס זאָל אַרויסקומען פּידרעך, אָבער קלאָר איז פאַר יעדן בר־דעת, אַז אידישע אינטערעסן, באַזונדערס אין דעם איצטיגן מאָמענט, שליסן איין טאַקע דעם קאַמף געגן אַנטיסעמיטיזם אומעטום, און אפילו אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, די ממשות'דיגע זיכערקייט פון מדינת ישראל געגן אַלע שונאים, און דעם בוי פון דער אידישער פאָלקס־קולטור דורך אידישע דערציאונג, אידישער פּרעסע און אידישער ליטעראַטור אומעטום, אויך איינגעשלאָסן דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד, וואו עס לעבן דריי מיליאָן פון אונזערע ברידער און שוועסטער, וואָס גאַרן נאָך אַ אידישן פאָלקס־לעבן.

איך וויל זיך היטן, גלויבט מיר, פון ביטערקייט און פון באַזונדערס־שאַרפע אויסדרוקן, אָבער אַזוי ווי איר בעט מיך אַרויסצוזאָגן מיין מיינונג וועגן דער ראָלע פון אַ אידישע צייטונג, מוז איך אייך זאָגן, אַז אויב די

דאָזיגע ראָלע מיינט דינען אידישע אינטערעסן, האָט איר, אין אייער ציי־טונג, די דאָזיגע עובדה נישט דערפילט. איר כאַפּט אויף די מינדסטע שפּור פון אַנטיסעמיטיזם ערגעץ־וואו אין אַמעריקע, אָבער איר פאַרמאַכט די אויגן אויף אַנטיסעמיטישע אויסברוכן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. איר זאָרגט, כלומר׳שט, וועגן דער זיכערקייט פון מדינת ישראל, אָבער איר שווייגט, מיט אַ טיפער שווייגעניש, וועגן דער סאָוועטישער שותפות מיט נאַסער׳ן און, לעצטנס, מיט די סירישע הערשער, וואָס שיקן אַריין איבער די גרעניצן באַוואָפנטע סאַבאָטאַזשניקעס צו רויבן און הרג׳ענען פרידלעכע בירגער פון ישראל. איר לייגט זיך אין דער לענג און אין דער ברייט צו בויען די אידישע פאָלקס־קולטור. אָבער איר נעמט אָן אַ מויל מיט שווייגעניש ווען עס קומט צו זאָגן אַ האַרב וואָרט געגן דער אונטערדריקונג פון דער אידישער קולטור אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, געגן דעם פאַרבאָט אויף אידישע שולן, אויף דער אידישער פּרעסע און דער אידישער ליטעראַטור אויף אידיש לשון.

איר וועט טענה׳ען, אַז דאָ און דאָרט האָט איר געלאָזט קומען צום אויסדרוק אין אייער צייטונג אַ פּראָטעסט געגן אַ קיטשקאָ, אָדער געגן אַ באַזונדערס ישראל־פיינטלעכן אַרויסטריט מצד נאַסער׳ן. אָבער די דאָזיגע אויסדרוקן, וועט איר מוזן צוגעבן, זיינען געווען אי צו שוואַך, אי צו שפּעט. געגן קיטשקאָ האָט איר געהאַט אַ שלעכט וואָרט שוין נאָך דעם ווי קאָמוניסטישע פּאַרטייען אין אַנדערע טיילן פון דער וועלט האָבן איינגעזען זיין רשעות און אים פאַרדאַמט, און וועגן נאַסער׳ס „אַראַבישן סאָציאַליזם״, וואָס האָט זיך פאַרמאָסטן חרוב צו מאַכן ישראל, וואַקלט איר זיך נאָך אַלץ מיט אייער קריטישן אַרויסטריט. דער אמת איז, אייערע אויגן זיינען געווענדעט אויף דער פּאַרטיי־ליניע און, ביז די דאָזיגע ליניע גיט זיך נישט קיין בויג, דערוועגט איר זיך נישט צו מאַכן אַן אייגענעם שריט.

איך געהער ניט צו די דאָזיגע, וואָס זוכן און געפינען אַ קאָמוניסט אונטער יעדן בעט, און פּרוּווען אים אַרויסצושלעפּן פון דאָרט. איך ווייס — צוליב אַ סך סיבות, געפינט איר פאַר נויטיג אָפּצולייקענען אייער אָנגעהעריגקייט צו דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, און ס׳איז נישט מיין זאַך די דאָזיגע נאָענטקייט צו באַווייזן. איר קאָנט אָבער נישט פאַרלייקענען — און אויב יאָ, וועט אייך קיינער נישט גלויבן — אַז איר האָט תמיד נאָכגעפאָלגט די פּאַרטיי־ליניע אָן אַן אָפּנויג. אַזוי לאַנג ווי סטאַלין האָט געלעבט, האָט איר פאַרשוויגן זיין טעראָר, צוזאַמען מיט דעם אומברענגג פון דער אידישער קולטור, איינגעשלאָסן די אידישע קולטור־שאַפערס. ביז׳ן היינטיגן טאָג, פאַרשווייגט איר דעם מאָרד פון דער אידישער קולטור אונטער דער איצטיגער סאָוועטישער פירערשאַפט. ווען, מיט עטלעכע חדשים צוריק, האָט דער טעאָרעטישער אָרגאַן פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון די פאַר־

איינצטע שטאַטן געמאָלדן וועגן אַ ספּעציעלן צוזאַמענפאָר פון פּאַרטיי־פירער וועגן דער אידישער לאַגע אין סאָוועטן־פאַרבאַנד האָט איר געפּאַטשט „בראַ־וואָ״, אָבער ווען מ׳האָט ערגעץ־וואו באַשלאָסן, אַז דער צוזאַמענקונפט זאָל נישט פאָרקומען, האָט איר ווידער אָנגענומען אַ מויל מיט שווייגן, פאַר־געסנדיק, אַז דאָ האַנדלט זיך וועגן בלוטיגע אידישע אינטערעסן.

איך פאַרשטיי, איר זענט פּאַרטיי מענטשן מיט אַן אייזערנער דיסציפּלין, און ביי אייך שטייט די פּאַרטיי העכער ווי אַלץ, און איר קאָנט זייער גוט פּועל׳ן ביי זיך מקריב צו זיין די אידישע אינטערעסן, ווען זיי קומען אין צוזאַמענשטויס מיט פּאַרטיי־אינטערעסן. נאָר איך פרעג, פאַרוואָס זאָלט איר נישט פאַרשטיין דעם שטאַנדפּונקט פון אונז אַלעמען, ביי וועמען די אידישע אינטערעסן זיינען אַלץ און שטייען העכער פון די אינטערעסן, דער רוב איינגערעדטע, פון פּאַרטיי? כ׳לעבן — מ׳מוז לאַכן ווען מען הערט אייך אַזוי פיל רעדן און שרייבן וועגן געטריישאַפט צו אידישע פאָלקס־אינטערעסן. וואו איז אייער געטריישאַפט, כ׳מיין, די דאָזיגע וואָס פאָדערט ערלעכע, אויפריכטיגע, קרבנות־גרייטקייט, וואָס, ווען מ׳דאַרף, גייט זי להיפוך אפילו צו דער פּאַרטיי־ליניע?

און דאָ קום איך צו אייער אַרויספאָדערונג וואָס איר שטעלט אַרויס צום סוף פון אייער בריוו, — אָנצוהויבן „אַ שעפערישן דיאַלאָג צווישן די אָרגאַנען און פערזענלעכקייטן, וואָס פאַרטרעטן פאַרשיידענע מיינונגען״. מיט וועמען זאָלן מיר אָנהויבן דעם דיאַלאָג — מיט אייך אָדער מיט דער פּאַרטיי? שטעלט זיך פאָר, מיר איבערצייגן אייך, אַז די אידישע אינטערעסן פאָדערן אַ געוויסע אַקציע, און אייער פּאַרטיי שטעלט זיך געגן, — וואָס וועט איר דעמאָלט זאָגן און טאָן? מיר קאָנען פאָראויסזאָגן, אויפן גרונט פון דער פאַרגאַנגענער דערפאַרונג, וואָס איר וועט זאָגן און טאָן. איר וועט זאָגן, וואָס מ׳וועט אייך הייסן און טאָן וואָס מ׳וועט אייך הייסן! טאָ, וואָס פאַר אַ זין האָט צו פירן מיט אייך אַ דיאַלאָג, וואָס דאַרף זיין באַזירט אויף די כללים פון לאָגיק און פון נוצלעכקייט פאַר די אידישע פאָלקס־מאַסן? איך וויל ניט דערמאָנען אַלע אַלטע הטאים, אָבער ווי אַזוי קאָן מען פאַרגעסן דעם פּאַקט, אַז איר האָט יאָרן־לאַנג פאַרטיידיקט דעם סטאַלין־היטלער פּאַקט. איז אויך דער דאָזיגער פּאַקט געווען אין די אינטערעסן פון די אידישע מאַסן, אָדער איז אייער פאַרטיידיגונג געקומען נאָך אַ דיקטאַט פון דער פּאַרטיי? דאָס זעלביגע, אויב מ׳מוז שוין דערמאָנען, — און ווי קאָן מען דאָס פאַרגעסן? — איז אמת וועגן אייער שטעלונג צו דעם אַראַבישן פּאָגראָם אויף די ישיבה־בחורים אין חברון, וואָס איר האָט פּראָקלאַמירט ווי אַן אַראַבישן רעוואָלט געגן דעם ענגלישן אימפּעריאַליזם. האָט איר אָנ־גענומען די דאָזיגע שטעלונג צוליב אייער געטריישאַפט צו די אידישע אינטערעסן, אָדער צוליב אייער איבערגעגעבנקייט צו דער פּאַרטיי?

איך האָב גאַרניט געגן מענטשן וואָס געהערן צו אַ באַשטימטער פּאַרטיי און זאָגן אָפן, אַז די פּאַרטיי באַשטימט ווי אַזוי זיי זאָלן טראַכטן און וואָס זיי זאָלן טאָן. איך קאָן פאַרשטיין ווי אַזוי געוויסע מענטשן זיינען גרייט מקריב זיין זייער אומאָפּהענגיקייט און זעלבסטשטענדיגקייט צוליב אַן אידייע, וואָס זיי גלויבן, וועט ראַטעווען די וועלט. אָבער זאָלן די דאָזיגע מענטשן, וואָס האָבן פאַר־משכּנ׳ט זייער געוויסן און זייער פרייהייט, נישט קומען צו אונז, מאַכנדיג דעם אָנשטעל פון זעלבסטשטענדיגע מענטשן און פאָדערן פון אונז, אַז מיר זאָלן מיט זיי פירן דיאַלאָגן. מיט וועמען? — מיט פאַרשטעלטע מאַריאָנעטן, וואָס לאָזן זיך ציען אויף געהיימע דראָטן?

איז נישטאָ קיין אויסוועג? יאָ, ס׳איז דאָ אַן אויסוועג! זאָל די „פריי־הייט" און די מענטשן, וועלכע שטייען אַרום און הינטער דער „פרייהייט" באַפרייען זיך פון דער שטרענגער פּאַרטיי־דיסציפּלין, באַווייזן מיט מעשים, נישט נאָר מיט גלאַטיגע ריידעלעך, און מיט דאָ און דאָרט אַ שטאַרק־פּאַר־שלייערטן אַרויסטריט, — אַז זיי זיינען באמת איבערגעגעבן די אידישע אינטערעסן; זאָלן זיי דעמאָנסטרירן מיט אומאָפּהענגיגע, זעלבסטשטענדיגע האַנדלונגען, אפילו ווען זיי, די מעשים, זיינען געגן דער פּאַרטיי־ליניע, — און דעמאָלט וועלן מיר זיין גרייט צו אַרבעטן מיט זיי צוזאַמען, ווי מיר זיינען תמיד געווען גרייט צו אַרבעטן צוזאַמען מיט אַלע ריכטונגען אין אידישן לעבן אויפן גרונט פון דעם פּרינציפּ פון פּלוראַליזם, וואָס מיר האָבן תמיד אָנערקענט. אָבער, פּלוראַליזם, טייערע חברים פון דער „מאָרגן־פרייהייט", מיינט נישט בלויז ווי איר זאָגט, „דאָס רעכט פון יעדן סעקטאָר אויף זיין אייגענעם צוגאַנג" צו אידישע לעבנס־פראַגן, נאָר אויך אַ גרייט־קייט צו געבן און צו נעמען, צו באַאיינפלוסן און צו ווערן באַאיינפלוסט, צו האַנדלען ווי אַ טייל פון אידישן כלל, צו אונטערוואַרפן זיך צו אַ באַשלוס פון דער מערהייט אין וויכטיגע פראַגן וואָס רירן אָן דעם לעבנס־נערוו פון דעם פאָלק. די פאַרגאַנגענהייט אייערע, — די 45 יאָר „מאָרגן־פרייהייט", — באַווייזן נישט, אַז איר פאַרמאָגט אַזאַ גרייטקייט. וועט איר, ווילט איר און קאָנט איר זי אַרויסווייזן אין דער צוקונפט?

אויפריכטיג אייערע,

**ש. מאַרגאָשעס**

# ענטפער פון פ. נאָוויק

חשוב'ער דר. ש. מאַרגאָשעס,

כאָטש איר האָט אונז גאָר היפש „אַריינגעזאָגט", האַלט איך פונדעסט־וועגן, אַז אייער ענטפער — אין דער אַטמאָספערע פון מעקאַרטיזם און קאַל־טער מלחמה אויף איסט בראָדוועי — פאַרמאָגט אַ פּאָזיטיוון באַטייט. איך נעם אָן דאָס „אַריינזאָגן" ווי אַן אויפריכטיקן צוגאַנג צו ענינים מצד אייך — ווי אַזוי איר באַטראַכט זיי, פון אייער שטאַנדפּונקט און אונטער דער ווירקונג פון דער נאָר־וואָס דערמאָנטער אַטמאָספערע. עס איז קלאָר, אַז אַ סך (אָדער אַביסל) וואַסערן וועלן מוזן אָפּלויפן, פיל מיספאַרשטייענישן און פאָראורטיילן וועלן מוזן באַזייטיגט ווערן, כדי עס זאָל קומען צו אַ גע־העריגן דיאַלאָג, מ'זאָל זיך וויפיל ניט איז פאַרשטיין. אייער בריוו איז ניט קיין אָנהויב פון אַ דיאַלאָג, ווי איר אַליין זאָגט מיט רעכט. אָבער — אפשר אַן אָנהויב וועגן אַ דיאַלאָג.

איך האָב דאָ אָנגעוויזן אויף דער אַטמאָספערע פון מעקאַרטיזם און קאַלטער מלחמה — אָדער, צום ווינציגסטן, היפשע רעשטלעך דערפון. און איך וואָלט געוואָלט, געערטער דר. מאַרגאָשעס, איר זאָלט אַ טראַכט טאָן וועגן דער דאָזיגער אַטמאָספערע, וועלכע האָט, לויט מיין מיינונג, אויך באַווירקט אייער ענטפער.

## פאַרוואָס איז אַנדערש אין ישראל, אייראָפּע?

אָט זעט. נאָר־וואָס האָט דער „קול העם", אין תל־אביב, וואָס איז בפירוש אַ קאָמוניסטישער פּאַרטיי־אָרגאַן, געפייערט זיין יובילייִ, און כמעט אַלע ישראל־צייטונגען, אָדער טאַקע אַלע, האָבן זיך אויף דעם יובילייִ אָפּגערופן. עטלעכע האָבן אפילו צוגעשיקט זייערע מיינונגען צום „קול העם". די פייע־רונג גופא איז פאָרגעקומען אין דעם נאַציאָנאַלן טעאַטער פון מדינת ישראל, „הבימה".

איך וואָלט געקאָנט ברענגען אַ ריי ביישפּילן פון דיאַלאָגן פון פאַרשיי־דענע כלל־טוער אין ישראל, מלוכה־טוער, אייערע אידייע־קאָלעגן, מיט דר. משה סנה און אַנדערע קאָמוניסטישע פירער. לאָמיר אייך שוין דער־מאָנען די פאַראייניגונג פון אידן פון פאַרשיידענע ריכטונגען, איינגעשלאָסן בונדיסטן, השומר הצעיר, לינקע פועלי ציון, אויך אַלגעמיינע ציוניסטן (אויב איך האָב קיין טעות ניט) מיט קאָמוניסטן אין די נאָר־וואָס אָפּגעהאַלטענע וואַלן אין פראַנקרייך. און אויך דערמאָנען — „ווי עס קריסטלט זיך אַזוי אידלט זיך“ — דעם סימפּאָזיום וואָס דער אידישער וועלט־קאָנגרעס האָט נאָר־וואָס איינגעאָרדנט אין בריסעל, צו וועלכן עס איז איינגעלאַדן געוואָרן אַזאַ אויסגעשפּראָכענער לינקער ווי דר. חיים סלאָוועס. און גערעדט האָט מען, צווישן אַנדערע, וועגן דעם היגן איקוף־זשורנאַל „יידישע קולטור“ (אַזוי איז געוועזן אָנגעוויזן אין דער געדרוקטער טאָג־אָרדענונג) — נעמען, סיי פונם זשורנאַל און סיי פונם רעדנער, וואָס זיינען דאָ טריף.

וואָס־זשע, אין ישראל און אין אייראָפּע ווייס מען ניט פון די אַלע חטאים (אָדער „חטאים“) פון די לינקע און קאָמוניסטן וואָס איר רעכנט אויס? געוויס ווייס מען. דאָרט איז מען אָבער ניט פאַרכאַפּט פון דער היגער מעקאַרטישער משוגעת, — אַ משוגעת, וואָס „אַנערקענט“ אפילו ניט, אַז עס עקזיסטירט אַ „מאַרגן־פרייהייט“ (און צווישן די ניט־„אַנערקענער“ געפינען זיך אַזעלכע, וואָס האָבן, ניט היינט געדאַכט, יאָרן לאַנג געאַרבעט אין אונזער צייטונג, זיך אויסגעלערנט ביי איר די צייטונג־מלאכה — און אפילו אַזעלכע וואָס וואָלטן איצט געוואָלט אָנקומען אַרבעטן...).

לאָמיר אייך דערמאָנען, אַז שוין נאָך 1929 (געשעענישן אין ארץ־ישראל) האָבן ציוניסטישע פירער בראש מיט ראַבאַי סטיפען ס. וויַיז מיטגעאַר־בעט מיט לינקע אין דער אַנטי־נאַצי־באַוועגונג און אַז שוין נאָך 1939 (סאָ־וועטיש־דייטשער פּאַקט) האָבן זיי מיטגעאַרבעט, בשעת דער מלחמה און נאָך דער מלחמה. ראַבאַי וויַיז און הענרי מאָנסקי האָבן געקעמפט ווי די לייבן — געגן די מעקאַרטי־לייט פון איסט־בראָדוועי — אַריינצונעמען די לינקע אָרגאַניזאַציעס אין דער אַמעריקאַנער אידישער קאָנפערענץ און אַמעריקאַנער אידישן קאָנגרעס, אויך אין וועלט־קאָנגרעס.

אָדער — ראַבאַי אבא הלל סילווער. ער פלעגט אָפט גערן זיך באַ־געגענען מיט פאָרשטייער פון דער „מאָרגן־פרייהייט“ — וועלכע איז פאַקטיש געוועזן זיין אָרגאַן אויף אַ ריי געביטן, אויב מ'קאָן זיך אַזוי אויסדריקן. פאַרוואָס, ווייל ער איז געוועזן אַ שלעכטער ציוניסט? ניין — ווייל ער איז געוועזן געגן דער קאַלטער מלחמה, פאַר קאָ־עקזיסטענץ.

הייסט עס, ניט די אַלטע חשבונות זיינען דער עיקר, וואָס שטייט אין וועג. דער עיקר איז דער היינטיגער מעקאַרטיזם, די קאַלטע מלחמה,

אָדער די נאָכווייענישן דערפון. און אַזוי ווי די בעסערע עלעמענטן אין אַמעריקע (פּראָפ. קאמאדזשער, דזשאן גאלברעיט און אַנדערע) הערן ניט אויף וואָרענען, אַז די אַנטי־קאָמוניסטישע משוגעת איז דער אומגליק פון אַמעריקע, אַזוי וואָלט אַזאַ זעלבשטענדיקער מענטש, ווי איר, געמעגט — לויט מיין מיינונג — וואָרענען, אַז די־אָ משוגעת איז אַן אומגליק אינם אי־דישן לעבן דאָ אין לאַנד, אַן אומגליק פאַרן קאַמף געגן אַנטיסעמיטיזם, געגן די אידן־מערדער דאָ ביי אונז, טאַקע אין אַמעריקע, אַן אומגליק פאַר'ן אי־דישן בוך, פאַרן אידישן טעאַטער, דעם וועלטלעכן שול־וועזן און אַזוי ווייטער.

## וואָס איז מכוח ציוניסטישע חטאים?

עס וואָלט מיר גענומען צו לאַנג אָפּצושטעלן זיך אויף אַלע טענות, וואָס איר מישט אויף. איך וועל מעגלעך קומען צו זיי צוביסלעך. איר ווייסט געוויס, אַז אַ פראַגע קאָן מען שטעלן זייער קורץ, אָבער אַן ענטפער קאָן געגעבן ווערן נאָר אויספירלעך, ספּעציעל וועגן קאָמפּליצירטע ענינים. עס איז קיין ספק ניט, אַז טעות'ן זיינען געמאַכט געוואָרן, פון אַלע צדדים (יאָ, פון אונז אויך!). אָבער ווי וואָלט געווען ווען איך וואָלט אויפגעמישט אַלערליי חטאים פון דער ציוניסטישער באַוועגונג? עס איז געווען דער „טראַנספער־אָפּמאַך" מיט די נאַציס. עס זיינען געווען די געשעפטן, וואָס ישראל קאַסטנער האָט אין בודאַפּעסט געפירט מיט אייכמאַנ'ען, אָדער די שילומים, וועלכע זיינען נאָר־וואָס געשטעמפּלט געוואָרן פון שמעון וויזענ־טאַל'ן, אין ניו יאָרק, ווי דער גרעסטער אומגליק אינם קאַמף אויפצודעקן און באַשטראָפן די אידן־מערדער. און — בן גוריונ'ס געשעפטן מיט באָן, זיין „אָפּווישן" 2000 יאָר אידיש לעבן, אַרויסשטעלן אַמעריקאַנער אידן ווי ניט קיין 100־פּראָצענטיקע אַמעריקאַנער. פון מיין שטאַנדפּונקט זיינען זיי אַלע געווען און פאַרבליבן זייער ערנסטע טעות'ן — געגן די אידישע אינ־טערעסן. מיר וועלן אייך דאָס אָבער ניט פאָרוואַרפן. אָדער איר זייט ניט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די אַלע חטאים, אָדער איר האָט אַ רעכט אויף אייערע טעות'ן, וועלכע זיינען געמאַכט געוואָרן מיט גוטע כוונות. דער עיקר איז אָבער — איז עס אין די אידישע אינטערעסן היינט צו גיין געגן איינינקייט, צוליב חטאים (אָדער „חטאים") פון אַמאָל? אין דער וואַרשעווער געטאָ זיינען טאַקע געווען אַזעלכע, וואָס האָבן רק געטראַכט וועגן אַמאָליגע חטאים. ערשט ווען הונדערטער טויזנטער אידן זיינען אַוועקגעשלעפּט גע־וואָרן קיין טרעבלינקע האָט מען זיך איבערצייגט (ניט אַלע), אַז צוליב דעם לעבן און כבוד פון פאָלק מוז זיין איינינקייט, — דאָס, וואָס די קאָמוניסטן מיט יוסף לעוואַרטאָווסקי בראש האָבן געפּרעדיגט לאַנג פאַר דער „גרויסע אַקציע" קיין טרעבלינקע.

# ציוניסטן, בונדיסטן און קאָמוניסטן

אַז די „מאָרגן־פרייהייט" איז ניט קיין קאָמוניסטישע פּאַרטיי־צייטונג װעלן מיר װייטער זען. אָבער לאָמיר אײך גאַנץ אָפן פרעגן: און אַז קאָ־מוניסטן איז װאָס? ציוניסטן יאָ, בונדיסטן יאָ און קאָמוניסטן ניט? פאַר־װאָס האָט די שטעלונג פון קאָמוניסטן געשטימט מיט די אינטערעסן פון אידישן פאָלק אין 1936, אין 1943 און װייטער — און האָט אויפגעהערט שטימען זינט די קאַלטע מלחמה האָט אויסגעבראָכן, זינט די מעקאַרטי־פּלאָג האָט זיך אַראָפּגעלאָזט?

עס איז אין 1936 אָנערקענט געװאָרן, אַז דער אויסגעהאַלטענער קאַמף פון קאָמוניסטן געגן פאַשיזם — און דער קאַמף פונ׳ם סאָװעטן־פאַרבאַנד פאַר קאָלעקטיװער אַקציע — שטימט דורכאויס מיט אידישע אינטערעסן! און בשעת און נאָך דער מלחמה איז אָנערקענט געװאָרן, אַז די טייכן בלוט װאָס די רויטע אַרמיי האָט פאַרגאָסן אין דער שלאַכט מיטן היטלער־משחית און דאָס בלוט װאָס קאָמוניסטן האָבן פאַרגאָסן אין דער װידערשטאַנד־באַװעגונג אין פראַנקרייך און אַנדערע לענדער, אין די פּאַרטיזאַנען־מחנות און אין די געטאָס (צוזאַמען מיט אַנדערע) איז דער בעסטער סימן, אַז זיי קעמפן — דערמיט טאַקע און אויך דירעקט — פאַר אידישע אינטערעסן. און ס׳איז ניט לויטן סטיל פון אַ זעלבשטענדיגן מענטשן, געערטער דר. מאַרגאָשעס, צו באַנוצן דאָס װערטעלע „מאַריאָנעטקעס". מיר װעלן עס ניט אָנװענדן בנוגע ציוניסטישע און אַנדערע שרייבער, װעלכע ליניע זיי זאָלן ניט נאָכפאָלגן, און מיר זעען ניט װי אַ מענטש מיט שכל הישר קאָן אַזאַ װערטעלע אָנװענדן גראַד בנוגע לינקע, װאָס זיינען זיך באמת מקריב אין פיל פּרטים, „לעגאַלע" און אַנדערע, װי אויך מאַטעריעלע (כאָטש זיי מאַכן פון דעם קיין װעזן ניט).

זיי האָבן איבערצייגונגען, אייגענע מיינונגען, אייגענע, זיינען צו קיינעם ניט „פאַרשקלאַפט". און זיי זיינען פולשטענדיק איבערצייגט — דאָס װאָס ציוניסטישע פירער האָבן טיילװייז אָנערקענט אין די 30ער און 40ער יאָרן — אַז גראַד זייער שטעלונג איז אין די אינטערעסן פון אידישן פאָלק. איר האָט אַ רעכט, פאַרשטייט זיך, אויף אויסזעצונגען, אָבער דאָס איז אַן ענין פאַר דיסקוסיע, ניט פאַר אַריינלייגן אין חרם.

לויט מיין מיינונג קאָן מען ניט רעדן װעגן אידישע אינטערעסן װי װעגן אַ זאַך װאָס האָט ניט קיין שייכות מיט דער אַלגעמיינער לאַגע. קאַמף געגן מעקאַרטיזם איז אין די אינטערעסן פון אידישן פאָלק, — קאַמף געגן רעאַקציע בכלל, געגן נעאָ־נאַציזם, געגן ראַסיזם, געגן נעגער־אונטערדריקונג, געגן אַנטיסעמיטיזם אומעטום. אידישע אינטערעסן, לויט אונזער מיי־נונג הענגען ניט אין דער לופטן, זיינען ניט אָפּגעריסן פון צייט און אָרט,

פון דעם פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכן געווירבל דאָ אין לאַנד, פון די קאַמפּן פון די פּראָגרעסיווע עלעמענטן אין אַמעריקע בכלל. די שטעלונג אונ־זערע איז ניט קיין סוד, ווי עס איז קיין סוד ניט, אַז מיר — טאַקע אין נאָ־מען פון אידישע אינטערעסן — זיינען געגן קאַפּיטאַליזם, פאַר סאָציאַליזם. מיר זיינען פאַר פריינטשאַפט מיט׳ן סאָוועטן־פאַרבאַנד — און אויך דאָס איז קיין סוד ניט. יעדע באַוועגונג, אָדער פּאַרטיי אין אַמעריקע, וואָס האָט אַזעלכע שטעלונגען, דאַרף געשטיצט ווערן, לויט אונזער מיינונג. דאַרף — ניט „מוז", צוליב „צוואַנג". דערפאַר שטיצן מיר די דאָזיגע שטעלונג פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, כאָטש זי ווערט פאַרפאָלגט פון דער מעקאַרטי־מעקאַרען רעאַקציע (אָדער אויך דערפאַר טאַקע). מיר שטיצן אָבער אַלע באַוועגונגען, אָדער פּערזאָנען, ראַבאַיס און אַנדערע, וואָס זיינען פאַר שלום, פאַר נעגער־רעכט און אַזוי ווייטער. דערפאַר זיינען מיר גרייט אויף איי־ניגקייט, ניט צוליב איינקויפן זיך אין יחוס (לאָמיר זיין אָפנהאַרציג), נאָר צוליב דער זאַך גופא, ווי דאָס איז געווען אין דער וואַרשעווער געטאָ.

## וואָס פאַר אַ צייטונג איז די „מאָרגן פרייהייט"?

די וועלט איז ניט איינגעטיילט אויף צדיקים (ניט־קאָמוניסטן) און רשעים (קאָמוניסטן) — ווי דער „הייליגער" דזשאָו מעקאַרטי האָט עס אויסגעלייגט און ווי דאָס הייסט נאָך ביי געוויסע אידישע עלעמענטן. קאָמוניזם, „אפילו" פּאַרטיי־קאָמוניזם, קאָן ניט און טאָר ניט זיין קיין סטראַשידלע, אויב באַצי־אונגען זאָלן זיין נאָרמאַלע, ניט קיין פאַר׳סמ׳טע. אָבער וואָס שייך דער „מאָרגן־פרייהייט" איז זי בפירוש ניט קיין קאָמוניסטישע פּאַרטיי־צייטונג. זי איז דאָס וואָס זי זאָגט כסדר, אַז זי איז — אַ פּראָגרעסיווע אַרבעטער־און פאָלקס־צייטונג, וועלכע איז אָפן פאַר קאָמוניסטן און פאַר ניט־קאָמוניסטן. זי איז עס ניט לויט איר עצם, לויט איר צוגאַנג צו זאַכן, ווי מיר וועלן ווייטער זען, און לויט אירע מיטאַרבעטער, צווישן וועלכע עס זיינען דאָ ניט־קאָמוניסטן. און מיר וואָלטן אייך געבעטן, דר. מאַרגאָשעס, אויב איר ווייסט פון אַ גוטן זשורנאַליסט, מעג ער זיין אַ ציוניסט, צו רע־קאָמענדירן אים צו אונז. ער וועט ביי אונז ניט דאַרפן שרייבן אויף אַ שטייגער עס זאָל ניט שטימען מיט זיינע פּרינציפּן (אַזאַ שרייבן טויג בכלל ניט). מיר וועלן זייער גוט דורכקומען, אויב ער איז געגן רעאַקציע, געגן ראַסיזם, פאַר שלום — ווי מיר זיינען דורכגעקומען מיט׳ן ציוניסט אברהם רעגעלסאָן, ווען ער איז געווען ביי אונז אַן אינעווייניגסטער מיטאַרבעטער ((אָפּגערעדט שוין פון אַזעלכע אויסנווייניגסטע מיטאַרבעטער, ווי שלום אַש, לעאָן קאָברין, מיט וועמען מיר זיינען זיך אידייאיש פאַנאַנדערגעגאַנגען). אמת איז, אַז מיר האָבן א. רעגעלסאָנ׳ען ניט גוט באַהאַנדלט — מאַטעריעל,

ווי מיר באַהאַנדלען אַזוי ניט גוט אַלע מיטאַרבעטער (כאָטש מיר האַלטן, אַז ער איז אַוועק קיין ישראל, ווייל ער איז אַ ציוניסט און ניט צוליב מאַטעריעלע פאַרבעסערונגען).

## זעלבשטענדיגע מיינונגען!

עס פאַלט מיר איין אַ פאַרדאַכט, געערטער דר. מאַרגאָשעס, אַז איר פאָלגט ניט נאָך די „מאָרגן־פרייהייט". עס קוקט אויס, אַז געוויסע זאַכן וועגן איר ווייסט איר פון דעם וואָס איר לייענט (וועגן איר) אין פיינטלעכע צו איר צייטונגען. אָבער — קאָן מען וויסן עפּעס ראַיעלס וועגן אידן פון דעם וואָס אַנטיסעמיטישע צייטונגען שרייבן וועגן זיי?

געוויס האָט איר ערגיץ געלייענט, אַז די „מאָרגן־פרייהייט" האָט קוים מיט מאַטערניש „עפּעס" געזאָגט וועגן קיטשקאָ׳ן „נאָכדעם ווי קאָמוניסטישע פאַרטייען אין אַנדערע טיילן פון דער וועלט האָבן איינגעזען זיין רשעות", ווי איר שרייבט. אָבער דאָס שטימט דאָך ניט מיט די פאַקטן! מיר האָבן עס באַוויזן אין יענער צייט (דעם 24טן מערץ 1964), אין אַן ענטפער צום „פאָרווערטס", וועלכער האָט דעמאָלט געזאָגט דאָס וואָס איר זאָגט איצט. איר האָט אָבער אַפּנים אונזער ענטפער ניט געלייענט, אָדער פאַרגעסן וועגן דעם.

דערלויבט צו זאָגן, אַז איר זייט אַפּנים אויך ניט באַקאַנט מיט די מאַטעריאַלן, וואָס ווערן פאַרשפּרייט פון אַלערליי אַנטי־סאָוועטישע אַגענטורן. זיי הערן ניט אויף ציטירן פון דער „מאָרגן־פרייהייט" איר „אפיקורסות", ציטירן פון מיינע אַרטיקלען (ניט נאָר אין דער קיטשקאָ־פראַגע, אויך אין דער מאַיאַצקי־פראַגע, וואָס נאָר די „מאָרגן־פרייהייט" האָט באַהאַנדלט, אין דער פראַגע פון דער אַנטי־רעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע בכלל, אין דער מצה־פראַגע, אין דער פראַגע פון „ציוניזם־נאַציזם" פאַר דער יו־ען, אין דער פראַגע פון אַסימילאַציע, אידישע קולטור, סיריע, נאַסער און אַזוי ווייטער, — אַלערליי פראַגן, וואו מיר זאָגן אַרויס אַן אייגענע, אומאָפּהענגיגע, מיינונג).

אָפּן גערעדט, איז די „מאָרגן־פרייהייט" און איך פּערזענלעך (אויף וויפיל איך ווער אָפּט אַרויסגערוקט ווי אַן „אפיקורס") ניט שטאַרק באַגייסטערט דערפון, ווייל אין אַלע פאַלן, אָן אויסנאַם, רינט אויס דער עיקר! אָט האָט ב. צ. גאָלדבערג נאָר־וואָס אין אייער „טאָג־מאָרגן זשורנאַל", דעם 29טן מערץ, אין זיין פּאָלעמיק מיט דער מאָסקווער „נאָוואָסטי" אַגענטור וועגן ישראל, ציטירט פון אונזער עדיטאָריעל דעם 19טן אָקטאָבער 1966, וואו מיר האָבן קריטיקירט די שטעלונג פון דעם סאָוועטישן פאָרשטייער אין דער יו־ען, אין דער סיריע־פראַגע. ב. צ. גאָלדבערג האָט אָבער (אפשר צוליב

טעכנישע סיבות) אויסגעלאָזט פון דעם עדיטאָריעל, דאָס, וואָס מיר האָבן געזאָגט וועגן דער „פונדאַמענטאַלער סאָוועטישער ליניע" — „אַז גרע־ניץ־סכסוכים טאָרן ניט ,געלייזט' ווערן דורך געוואַלט־מעשׂים". ווען מיר קריטיקירן געוויסע זאַכן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, איז עס קריטיק אין די ראַמען פון אַ פונדאַמענטאַלן צוגאַנג — פון אָנהענגער פון סאָציאַליזם און שלום — אַז אין סאָוועטן־פאַרבאַנד ווערט געבויט סאָציאַליזם און אַז דאָס דאָזיגע לאַנד איז אַ פעסטונג פון שלום פאַר אַלע פעלקער, אויך פאַרן אידישן פאָלק. מיר פאַרגעסן ניט, אַז דער סאָוועטן־פאַרבאַנד האָט געראַ־טעוועט די וועלט און דאָס אידישע פאָלק פון נאַצישע רוצחים און איז איצט דער אויסגעהאַלטנסטער קעמפער געגן נעאָ־נאַציזם. דאָס זאָגן מיר אָפן, אין דעם זיינען מיר איבערצייגט, פּרובירן עס באַווייזן. קיינער „צווינגט" אונז ניט, און קאָן אונז ניט צווינגען, אַזוי צו טראַכטן. צוזאַמען דערמיט זאָגן מיר אַרויס אונזער אייגענע מיינונג וועגן זאַכן, וואָס געפעלן אונז ניט. ווען מען שטעלט אָבער אַרויס אונזער (אָדער מיין אייגענע) „אפּיקורסות" און מען גיט ניט איבער דאָס פונדאַמענטאַלע, באַקומט זיך אַ פאַלש בילד. זיינען טאַקע דאָ אַזעלכע וואָס האַלטן, אַז צוליב דעם דאַרף מען זיך איינ־גאַנצן אָפּהאַלטן פון עפנטלעכער קריטיק, ווי דאָס איז געווען אַמאָל. מיר זיינען מיט אַזאַ צוגאַנג, זינט 1956, ניט מסכּים, אָבער עפּעס איז דאָ אין דעם. און דאָ קום איך צו דער רעזאָלוציע פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי וועגן דער אידן־פראַגע, וואָס איר דרוקט אַרויס אין אייער בריוו ווי אַ ביישפּיל פון אונזער „אונטערטעניקייט".

## קאָמוניסטישע רעזאָלוציע וועגן דער אידן־פראַגע

אין אייער בריוו, געערטער דר. מאַרגאָשעס, שרייבט איר אָט וואָס:

„ווען, מיט עטלעכע חדשים צוריק, האָט דער טעאָרעטישער אָרגאַן פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי פון די פאַראייניגטע שטאַטן געמאָלדן וועגן אַ ספּעציעלן צוזאַמענפאָר פון פאַרטיי־פירער וועגן דער אידישער לאַגע אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, האָט איר געפּאַטשט ,בראַוואָ', אָבער ווען מ'האָט ערגיץ־וואו באַשלאָסן אַז דער צוזאַמענקונפט זאָל ניט פאָרקומען, האָט איר ווידער אָנגענומען אַ מויל מיט שוויגן, פאַרגעסנדיג, אַז דאָ האַנדלט זיך וועגן בלוטיגע אידישע אינטערעסן".

לאָמיר טאַקע באַטראַכטן דעם ענין. מען קאָן, דאַכט זיך, דערפון אַ סך לערנען.

גיט אַ קוק אויף דער רעזאָלוציע, ווי זי איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אינ'ם אויגוסט (1966) נומער פונ'ם מאַרקסיסטישן זשורנאַל „פּאָליטיקל אַפעירס".

זי פאַרנעמט צוועלף (12) זייטן פון דעם זשורנאַל. אין די ערשטע זיבן (7) זייטן רעדט זיך וועגן דעם אידישן ישוב אין אַמעריקע, וועגן קאַמף געגן אַנטיסעמיטיזם, וועגן בויען די פּראָגרעסיווע אידישע קולטור, אויף אידיש און אויף ענגליש. אין אַ ווייטערדיקן טייל, וואָס פאַרנעמט צוויי און אַ האַלב זייטן, רעדט זיך וועגן ישראל. אין די לעצטע צוויי זייטן רעדט זיך וועגן די אידן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. האָט „מען" די ערשטע צען זייטן אַוועקגעוואָרפן און גענומען נאָר די לעצטע צוויי... דער ענין אַנטיסעמיטיזם אין אַמעריקע, בויען אידישע קולטור — אין אַמעריקע, איז גאָרניט... אויך דער ענין ישראל איז גאָרניט, כאָטש עס זאָגט זיך, אין נאָמען פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, דאָס פאָלגנדיגע:

„מיר, קאָמוניסטן און פּראָגרעסיווע אידן אין די פאַראייניגטע שטאַטן בכלל, האָבן מיט׳ן גאַנצן האַרצן געשטיצט דעם דאָזיגן קאַמף [פאַר עטאַבלירן מדינת ישראל] און האָבן באַגריסט די ניי־עטאַבלירטע מלוכה ישראל. מיר פאַרטיידיגן אָן שום אויסריידענישן דאָס רעכט פון ישראל, וואָס קאָן ניט אָפּגעפרעגט ווערן, צו עקזיסטירן ווי אַ סואווערענע מלוכה, און פאַרדאַמען דערקלערונגען, פון וועלכן קוואַל זיי זאָלן ניט קומען, וואָס באַצייכענען פאַלש ישראל, ווי אַ קינסטלעכע באַשעפעניש פון אימפּעריאַליזם און פאָדערן איר פאַרניכטונג".

פרעגט זיך: איז דאָס ניט וויכטיג? איז, נאָכאַמאָל, אַ ברייטע דערקלערונג פון אַן אַמעריקאַנער פּאָליטישער פּאַרטיי געגן אַנטיסעמיטיזם, ניט וויכטיג? און דאַרפן ניט פריינט פון ישראל, און בפירוש טאַקע ציוניסטן, אַרויסהויבן די נאָר־וואָס געבראַכטע דערקלערונג וועגן ישראל, ספּעציעל אין אָנגעזיכט פון דער העצע פון די שוקעירים פאַר „אָפּווישן" ישראל?

אָפּנים, אַז ניט. מ׳האָט גענומען דעם לעצטן טייל, 2 זייטן פון 12, און געמאַכט דערפון אַ הו־האַ, — אַזוי אַז איר אַליין זייט אַריינגעפירט געוואָרן אין אַ טעות און איר שרייבט דעריבער וועגן „אַ ספּעציעלן צוזאַמענפאָר פון פּאַרטיי־פירער וועגן דער אידישער לאַגע אין סאָוועטן־פאַרבאַנד"...

לאָמיר אייך שוין זאָגן, אַז אין דעם אָקטאָבער־נומער (1966) „פּאָליטיקל אַפעירס" האָב איך געהאַט אַ גרויסן אַרטיקל וועגן די ענינים, — וועגן דער אידישער קולטור, סיי דאָ און סיי אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, וועגן אַסימילאַציע און אַזוי ווייטער. אויב ס׳איז נאָר מעגלעך, זייט אַזוי גוט און קוקט אַריין אין דעם אַרטיקל. אין די ווייטערדיקע נומערן פון דעם זשורנאַל איז געווען אַן אַרטיקל, אומגעפער אין דעם זעלבן זין, פון אונזער מיטאַרבעטער אברהם שטראָוס. עס איז דאָרט געווען אַ ריי אַרטיקלען פאַר דער רעזאָלוציע, און אויך אַרטיקלען מיט אויסזעצונגען. די דיסקוסיע קומט נאָך פאָר. און דעם 1טן מערץ האָבן מיר אָפּגעדרוקט אין דער „מאָרגן פרייהייט" אַ דער־

קלערונג פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, וואו עס האָט זיך געזאָגט, אַז אַ קאָנפערענץ וועט פאַרקומען. זייט איר ליידער אויך וועגן דעם ענין ניט אינפאָרמירט ווי געהעריג. און צוליב דער מיסאינפאָרמאַציע, וואָס איר האָט געקראָגן, האָט איר אומזיסטע טענות.

## דער הו־האַ אַרום דער רעזאָלוציע

דאָ האָבן מיר אַביישפּיל פון דעם גאַנצן צוגאַנג מצד געוויסע עלעמענטן צו ענינים, וואָס האָבן אַ שייכות צו קאָמוניסטן. אויב קאָמוניסטן — דאַרף מען שוין ניט זיין אָפּגעהיט מיט פאַקטן! (און איך באַשולדיק ניט אייך די־רעקט — כאָטש ווי אַ פאַראַנטוואָרטלעכער מענטש וואָלט איר געדאַרפט פריער אַריינקוקן אין דעם ענין און ניט פאַרלאָזן זיך אויף פראָפעסיאָנעלע רויט־העצער). און דער גאַנצער הו־האַ וואָס איז געמאַכט געוואָרן אַרום דער רעזאָלוציע, ווי אַ כלומרשט אַנטי־סאָוועטישע, האָט נאָר פאַרברודיגט די וואַסערן, געשטעלט זאַכן מיטן קאָפּ אַראָפּ!

לאָמיר אייך אינפאָרמירן, אַז די „וואָס אָוו אַמעריקע״ און אַלערליי אַגענטורן פון דער „סי־איי־עי״ האָבן געקערט וועלטן, באַנוצנדיג די רע־זאָלוציע ווי אַן אינסטרומענט אויף אַן אַנטי־סאָוועטישער העצע (עס פאַר־שטייט זיך, אַז די ענינים קאַמף געגן אַנטיסעמיטיזם און די עקזיסטענץ פון ישראל גייען זיי ניט אָן). האָט זיך באַקומען אַ גאַנץ פּאַסקודנע סיטואַציע. און איך וועל אייך אויסזאָגן אַ סוד: פיל קאָמוניסטישע טוער זיינען דע־ריבער געגן דער רעזאָלוציע, געגן דעם „סאָוועטישן״ טייל, ווייל זיי ווילן ניט מ׳זאָל די רעזאָלוציע באַנוצן ווי אַן אַנטי־סאָוועטישן אינסטרומענט.

איך האַלט, אַז אַזאַ צוגאַנג איז ניט קיין ריכטיגער. אַנטי־סאָוועטישע עלעמענטן וועלן אַלע מאָל פאַרקריפּלען, שעדיגן. דאָס הייסט אָבער ניט, אַז צוליב דעם דאַרף מען זיך אומקערן צו דער פּאָזיציע פון שווייגן וועגן זאַכן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, וואָס מוזן אַרויסרופן פראַגן, אָדער קאָנ־סטרוקטיווע קריטיק, — אין די ראַמען פון דעם אַלגעמיינעם, פּאָזיטיוון צוגאַנג צום סאָוועטן־פאַרבאַנד (ווי איך האָב שוין אָנגעוויזן), ווי אַ לאַנד וואָס בויט סאָציאַליזם, קעמפט פאַר שלום, האָט געראַטעוועט די וועלט פון היטלעריזם, געראַטעוועט דאָס אידישע פאָלק, האָט געהאָלפן עטאַבלירן מדינת ישראל און באַשיצן זי אין דער מלחמה פון 1948. ניין, אומקערן זיך צום פּעריאָד פון שווייגן טאָר מען ניט, לויט מיין מיינונג. אָבער אַז די אַנטי־סאָוועטישע העצער פאַרברודיגן די וואַסערן, לאָזן ניט ווי געהעריג אויפ־קלערן זאַכן, אַוועקשטעלן אין דער געהעריגער פּערספּעקטיווע, איז קלאָר. פאַר זיי איז אַלץ אַ מיטל פאַר אַ הו־האַ. און זאָל אויך קלאָר זיין, אַז דאָס איז געווען איינע פון די סיבות פאַרוואָס אין „יענע״ צייטן, פאַר 1956,

האָבן פּראָגרעסיווע עלעמענטן געשוויגן, — עפנטלעך, הייסט עס. די העצער האָבן ניט דערלאָזט אַוועקשטעלן די פּראָבלעם ווי געהעריג!

## „פאַרוואָס האָט איר געשוויגן?"

ווי איך האָב שוין געזאָגט, אַ פראַגע קאָן געשטעלט ווערן אין עטלעכע ווערטער, אָבער אַן ענטפער מוז געגעבן ווערן באַריכות, ספּעציעל ווען עס האַנדלט זיך וועגן פאַרוויקלטע ענינים. איך קאָן ניט אַריינגיין ברייטער אין דער פראַגע „פאַרוואָס האָט איר געשוויגן". אונז איז שוין אויסגעקומען אַ ריי מאָל ענטפערן אויף דעם. געוויסע פראַגע־שטעלער ווילן גאָרניט קיין ענטפער — זיי ווילן „פרעגן", ווי אַ מיטל צו העצן. ניט קיין העצער זיינען אָבער באַרעכטיגט צו אַן ענטפער.

איז קודם, נעמט אין אַכט, זייט אַזוי גוט, וואָס איך האָב פריער געזאָגט — וועגן דער ראָל פון די הו־האַ לייט, וואָס האָבן מיט זייער טומל און פאַר־קריפּלונג ניט געלאָזט ווי געהעריג אויפקלערן פראַגן. צווייטנס... צווייטנס, זאָל מיר דערלויבט זיין ברענגען אַביישפּיל פון דער נאַצישער אויסראָטונג פון אידן, אין די אָשוויעטשימס, אין די געטאָס. פיל אַמעריקאַנער אידישע פירער האָבן זיך פאַרענטפערט: מיר האָבן ניט געוואוסט, ניט געקאָנט זיך פאָרשטעלן אַזוינס! ווועלן מיר אין דעם ענטפער ברייט ניט אַריינגיין. אָבער עפּעס איז דאָ אין דעם. פאַקטיש האָט מען זיך אַ שטיק צייט אין דער וואַרשעווער געטאָ גופא ניט געקאָנט פאָרשטעלן גאַז־קאַמערן, קרע־מאַטאָריעס. נו, קיין אָרנטלעכער מענטש וועט ניט פאַרגלייכן די פאַר־ברעכנס אין די לעצטע יאָרן פון סטאַלינ׳ען מיט די פאַרברעכנס פון די נאַצים, מיט קרעמאַטאָריעס פאַר מיליאָנען. אָבער — הונדערטער מיליאָנען מענטשן איבער דער וועלט, צווישן זיי גרויסע נעמען אין דער ליטע־ראַטור און וויסנשאַפט, האָבן זיך ניט געקאָנט פאָרשטעלן עס זאָלן מעג־לעך זיין, אין די לעצטע סטאַלין־יאָרן, די פאַרברעכנס, וועגן וועלכע מ׳האָט זיך שפּעטער דערוואוסט. און ווער עס זאָגט, אַז מיר האָבן געוואוסט און געשוויגן, טראַכט אויס אַ בלוט־בלבול. מיר זיינען געווען באַאומרואיגט — יאָ! מיר האָבן פּרובירט זיך דערוויסן פאַרוואָס די פאַרבינדונג מיטן אי־דישן אַנטי־פאַשיסטישן קאָמיטעט האָט זיך אָפּגעהאַקט אין סוף 1948, אָבער, נאַכאַמאָל, קיינמאָל זיך ניט געקאָנט פאָרשטעלן דאָס, וואָס ס׳איז פאָרגע־קומען. (אגב, אין דער זעלביקער ראָלע זיינען געווען פיל אומפּאַרטייאישע מענטשן, אָנהענגער פון פריינטשאַפט מיט׳ן סאָוועטן־פאַרבאַנד, איינגעשלאָסן ציוניסטן, אָדער סאָציאַליסטישע ציוניסטן). עס פאַרשטייט זיך, אַז פאַרלאָזן זיך אויף די אינפאָרמאַציעס פון די הו־האַ לייט האָט מען ניט געקאָנט. זיי האָבן צו אָפט געשריגן „וואָלף".

# אַנטיסעמיטיזם אין אַמעריקע און אין סאָוו. פאַרבאַנד

איך קאָן ניט פאַרשטיין אייער טענה: „איר כאַפּט אויף די מינדסטע שפּור פון אַנטיסעמיטיזם ערגיץ־וואו אין אַמעריקע, אָבער איר פאַרמאַכט די אויגן אויף אַנטיסעמיטישע אויסברוכן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד". מיר דרוקן דאָס, וואָס די אַנטי־דעפעמעישאָן ליג גיט איבער, וואָס די נייעס־אַגענטורן שטעלן צו (למשל, וועגן פאַרברענען די סינאַגאָגע אין טרענטאָן, מישיגען, ניט לאַנג צוריק). מיר דערשטיקן ניט אַזעלכע זאַכן, — דאָס יאָ! אייער אייגענער פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, מר. זשאַק טאָר־טשינער, האָט ניט זייער לאַנג צוריק אַלאַרמירט וועגן אַנטיסעמיטיזם אין אַמעריקע — און מיר האָבן עס איבערגעגעבן, און אויך קאָמענטירט עדי־טאָריעל אויף דעם. אָבער וואָס הייסט „אַנטיסעמיטישע אויסברוכן אין סאָ־וועטן־פאַרבאַנד"? פאַרברענט מען דאָרט סינאַגאָגעס? גייען אַרום ראָק־וועלס און אַנדערע באַנדיטן און „פּיקעטן"? באַפאַלט מען אידן ווען זיי גייען דאַוונען? צו „יענע לייט" קאָן מען דאָך קיין טענות ניט האָבן פאַר זייער הו־הא, אָבער ערנסטע מענטשן דאַרפן, דאַכט זיך, פאָרמולירן זאַכן אויף אַ געהעריקן שטייגער, — און דאָס מוז מען דערוואַרטן פון אייך, געערטער דר. מאַרגאָשעס.

אין סאָוועטן־פאַרבאַנד זיינען נאָך דאָ אַנטיסעמיטן. דאָס זאָגן מיר. דאָס זאָגט אויך די קאָמוניסטישע רעזאָלוציע. זי רעדט וועגן אַ קאַמף געגן די אַנטיסעמיטישע רעשטלעך. די קיטשקאָס זיינען אַנטיסעמיטן. דאָ און דאָרטן קאָנען זיך אַריין־נאַדיען אַזעלכע אין דער אָנפירונג פון אַן אוניווער־זיטעט, אָדער פאַבריק, אָדער מלוכה־אינסטיטוציע און אַזוי ווייטער. אין די סאָוועטישע געריכטן משפּט מען נאָך קרימינעלע פאַרברעכער — און אַנטי־סעמיטן זיינען פאַרברעכער. אגב, אין מיין בראָשור „אידן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד" קאָנט איר זען וואָס איך זאָג דאָרט וועגן דער פראַגע, נאָך אַ באַ־זוך אין סאָוועטן־פאַרבאַנד צוויי חדשים צייט אין סוף 1964, און אויך וואָס איך זאָג דאָרט וועגן דער אידישער קולטור — אַז זי דאַרף עטאַבלירט ווערן. דאָס זאָגן מיר פון צייט צו צייט אין דער „מאָרגן פרייהייט"; דאָס האָב איך נאָר־וואָס געזאָגט פאַר צוויי טויזנט מענטשן אין האָנטער קאַלעדזש (די רעדע איז געווען אָפּגעדרוקט אין דער „מאָרגן פרייהייט"). דאָס ענטפערט שוין אויך אויף אייער טענה, אַז מיר קוקן זיך גאָרניט אום אויף דער פראַגע וועגן דער אידישער קולטור אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. אויך דאָ האָט איר ליי־דער אַ טעות.

צוריק צום ענין אַנטיסעמיטיזם. איך שטרייך ווידער אונטער, ווי איך האָב דאָס געטאָן אין מיינע באַריכטן און ביי פיל געלעגנהייטן, אַז דער גע־שריי „סאָוועטישער אַנטיסעמיטיזם" איז אַ בלבול, אַ טייל פון דעם הו־הא,

וואָס איז ניט אויסן גאָר'ניט צו לייזן און וואָס האָט די אידישע קולטור אויך ניט אינזינען. עס איז ניטאָ קיין אַנטיסעמיטישע „ליניע", אָדער אַזאַ גע־זעלשאַפטלעכער צוגאַנג אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. עס איז דאָ אַ פּראָבלעם — יאָ, ווייל עס זיינען דאָ רעשטלעך, און וועגן דעם האָבן מיר שוין גע־רעדט (זייער בקיצור, אונטער די אומשטענדן).

## דער גורל פון ישראל

מיין ענטפער האָט זיך היפּש פאַרצויגן, אָבער איך מוז נאָך באַרירן אייער טענה וועגן ישראל. דאָ לייג איך ווידער פאָר: אינפאָרמירט זיך פון דער „מאָרגן פרייהייט" גופא וועגן איר ראָל. לייענט דעם עדיטאָריעל פון 19טן אָקטאָבער (1966), וואָס ב. צ. גאָלדבערג האָט ציטירט אין „טאָג־מאָרגן זשורנאַל" דעם 29טן מערץ. נאָך עטלעכע עדיטאָריעלס האָבן מיר געהאַט אין אָקטאָבער 1966 אין דער סיריע־פראַגע. זעט אונדזער עדיטאָריעל אויף דער ערשטער זייט, דעם 17טן אָקטאָבער 1965, אין דער פראַגע „ציוי־ניזם־נאַציזם". לייענט די עדיטאָריעלס, וואָס מיר האָבן ערשט נאָר־וואָס גע־האַט, וועגן די איצטיקע אומרוען. מיר באַהאַלטן אָבער ניט, אַז מיר האָבן אַן אַנדער צוגאַנג אין דער פראַגע וועגן דער זיכערקייט פון מדינת ישראל — וועגן דער גאַנצער ראָל פון מדינת ישראל אין מיטל־מזרח, — אַן אַנדער צוגאַנג ווי אייערער, און אויך וועגן דעם שרייבט די „מאָרגן פרייהייט".

איך, למשל, האַלט, אַז צווישן אַ סך אומגליקן וואָס די בן־גוריון עלע־מענטן האָבן געבראַכט אויף ישראל און אויף אידן בכלל (צוליב די באַן־געשעפטן) איז געווען איין אומגליק גאָר אַ גרויסער — דער אָנגריף אויף סיני, אין אָקטאָבער 1956, צוזאַמען מיט'ן פראַנצויזישן און ענגלישן אימ־פעריאַליזם. איר ווייסט, אַז משה שרת (שאַרעט) איז געווען געגן דער אַוואַנטורע. און דר. נחום גאָלדמאַן אויך. עס איז אָבער אין דער היגער ציוניסטישער פּרעסע געווען גאָר ווייניג וועגן זייער שטעלונג און — הוראַ פאַר בן גוריון'ען! ביז היינטיגן טאָג אַזוי. אָבער ישראל ליידט ביז היינ־טיגן טאָג פון דער אַוואַנטורע, ווייל די גאַנצע וועלט האָט דאָך געזען וואָס דאָ איז פאָרגעקומען, און די אַראַבישע לענדער אַוודאי (און ישראל איז דער־פאַר איינשטימיג פאַרדאַמט געוואָרן אין דער יו־ען). עס ווערט איצט געמאַכט אַ בילבול מצד די שוקעירים און אַנדערע, אַז ישראל איז אַן אינסטרומענט פון אימפעריאַליזם. דאָס איז אַ בילבול! אָבער ער ווערט אונטערגעשפּאַרט מיט יענער אַוואַנטורע, וועלכע איז לידער טאַקע פאָרגעקומען.

אויך בנוגע ישראל ווערט געפּראַוועט אַן אַנטי־סאָוועטישער הו־האַ. נעמט אייער „טאָג־מאָרגן זשורנאַל" פון מיטוואָך, 12טן אַפּריל. אויף דער ערשטער זייט איז געווען אַ גרויסער קאָפּ: „פּעקינג באַשולדיגט מאָסקווע

אין וועלן ,פאַרראַטן׳ אַראַבער דורך ברענגען צו אַראַבער־ישראל שלום״, און אינעווייניג איז געווען אַן עדיטאָריעל, וואו מ׳האָט געשריען געוואַלד, אַז מאָסקווע וויל „אומברענגען״ ישראל...

אָט זאָגט איצט באָרים סמאָליאַר, הויפּט־רעדאַקטאָר פון דער „איטא״, אין זיין קאָלום אין דער ענגליש־אידישע פּרעסע (ניט אין דער אידיש־אידישער — לײדער), אַז „די רוסן און די עגיפּטער האַלטן־צוריק די סיריער פון סאַמע אַגרעסיווער אויפפירונג״... ער ווייזט אָן, אַז „די רוסן האָבן אַ סך געטאָן צוריקצוציען סיריע פון דעם ברעג פון אָפּגרונט״ (ברינק) און אַז נאַסער האַלט אָפּ די סיריער פון מיליטערישע אַוואַנטורעס געגן ישראל. פאַרוואָס לייענט מען ניט וועגן דעם אין „טאָג־מאָרגן־זשורנאַל״ און אין „פאָרווערטס״? (באָרים סמאָליאַר׳ס קאָלום איז געדרוקט געווען אין „אַמ. עקזאַמינער״ פון 6טן אַפּריל).

איז דען ניט קלאָר, אַז אין דעם קאָנפליקט צווישן סאָוועטן־פאַרבאַנד און כינע שפּילט אויך אַ ראָל דער מיטל־מזרח: כינע אויף דער זייט פון די שוקעיריס און דער סאָוועטן־פאַרבאַנד אויף דער זייט פון שלום, לויט דער ליניע פון „טאַשקענט״?*

וואָס קאָן אַרויסקומען ישראל פון דעם אַנטי־סאָוועטישן הו־האַ? נאָר שאָדן! פאַרקערט ווידער, אַ קאָרעקטער, אָרנטלעכער צוגאַנג, קאָן נאָר ברענגען נוצן. און אויך דאָ האָט דער גרויסמויליגער בן גוריון אָנגעטאָן שאָדן מיט זיינע העצעס, מיט זיין פאַרוואַנדלען ישראל אין אַ קוואַל פון אַנטי־

---

* די אַלע שטעלן וועגן ישראל זיינען געשריבן געוואָרן אין מיטן אַפּריל — איידער ס׳האָט אויסגעבראָכן די מלחמה צווישן ישראל און די אַראַבישע לענדער (דעם 5טן יוני, 1967) עס איז וויכטיג דאָ צוצוגעבן, אַז די „מאָרגן־פרייהייט״ איז געבליבן געטריי איר לאָזונג: „ישראל איז געקומען צו פאַרבלייבן״ און האָט אויסגעדריקט דעם שטאַנדפונקט, אַז דאָס איז געווען אַ פאַרטיידיגונג־מלחמה מצד ישראל. „ראַטעווען ישראל״, האָט געהייסן אַן עדיטאָריעל אין דער „מאָרגן־פרייהייט״ דעם 6טן יוני, אויף מאָרגן נאָכן מלחמה־אויסברוך. די „מ. פ.״ האָט ניט מסכים געווען מיט דער סאָוועטישער שטעלונג, אַז ישראל איז באַגאַנגען „אַגרעסיע״ און האָט קריטיקירט די אַרויסטרעטונגען און האַנדלונגען פון סאָוועטישע פאָרשטייער אין דעם ענין. די „מאָרגן־פרייהייט״ האָט דאָ געהאַט אַן אייגענע, זעלבשטענדיגע ליניע, ווי אַן אומאָפּהענגיגע אידישע פּראָגרעסיווע אַרבעטער און פאָלקס־צייטונג.

ס׳איז אוממעגלעך אַריינצוגיין דאָ ברייטער אין דער פראַגע. די „מאָרגן־פרייהייט״ האָט וועגן דעם ענין געדרוקט ממש פיל צענדליקער אַרטיקלען און עדיטאָריעלס. די איצטיקע בראָשור איז געווידמעט איין זאַך — דער קאָרעספּאָנדענץ צווישן דר. ש. מאַרגאָשעס און פּ. נאָוויק. מען קאָן דאָ נאָר צוגעבן איינס — אַז מ׳דאַרף זיך אינפאָרמירן וועגן דער שטעלונג פון דער „מאָרגן־פרייהייט״ צו ישראל, צום מיטל־מזרח בכלל, ווי צו אַלערליי אַנדערע וויכטיקע פראַגן — פון דער „מאָרגן־פרייהייט״ גופא!

סאָוועטישע קאָמפּאַניעס (איצט איז אַ ביסל בעסער, אָבער אויך גענוג קלאָגעדיג — ווי די „וואָך פאַר סאָוועטישע אידן" האָט עס דאָרט ניט לאַנג צוריק באַוויזן).

## אינפאָרמירן זיך — פון דער „מאָרגן-פרייהייט" גופא

דאָס איז אַ ברייטע טעמע, וואָס פאָדערט אַן אַלזייטיגע באַלייכטונג. אָהער גייט אַריין די פראַגע וועגן געווער. די ענינים ווערן כסדר באַהאַנדלט אין דער „מאָרגן פרייהייט" (די געווער־פראַגע האָב איך באַרירט אין מיין רעדע אין האָנטער קאָלעדזש). נאָכאַמאָל און ווידעראַמאָל, אינפאָרמירט זיך פון דער „מאָרגן פרייהייט" וועגן אַלע זאַכן וואָס איר רירט אָן. געוויס קאָנען און וועלן זיין מיינונג־פאַרשיידנקייטן, אָבער דעריבער טאַקע איז נויטיג אַ מיינונג־אויסטויש.

ביים פאַרענדיגן דעם שווין צו לאַנגן ענטפער מיינעם, וויל איך אויסדריקן די האָפענונג, אַז איר וועט אָנערקענען אַז אַ ריי פון אייערע אַרויסזאָגונגען אין אייער בריוו שטימען ניט מיט די פאַקטן און אַז קיין צד קאָן ניט אַרויסרוקן געגן דעם אַנדערן אַזעלכע טענות ווי אַז ער איז „פאַרשקלאַפט", מוז „פאָלגן" און אַזוי ווייטער. אַזעלכע טענות געהערן, מילד גערעדט, צו אַ פרימיטיוון פעריאָד, וואָס דאַרף אַריין אין דער פאַרגעסנקייט. און וואָס איז שייך „געבן און נעמען", איז גאַנץ פאַרשטענדלעך, אַז אַזוי דאַרף זיין. די לינקע פאַרשטייער האָבן עס באַוויזן, ווען זיי זיינען געווען פאַרטראָטן אין דער אַמעריקאַנער אידישער קאָנפערענץ, אין אַמעריקאַנער אידישן קאָנגרעס, אין אידישן וועלט־קאָנגרעס. אויף דעם פּרינציפּ פון „געבן און נעמען", פון דורכקומען, איז געבויט די גאַנצע איינשטעלונג פון איינינקייט, פאַראייניגטן פראָנט, פאָלקס־פראָנט. אַזאַ כאַראַקטער טראָגט געוויס די איינינקייט אין פראַנקרייך, וועגן וואָס מיר האָבן גערעדט צום אָנהויב פון אונזער ענטפער, אָדער די איינינקייט פון אַלע קאַצעטלער־אָרגאַניזאַציעס אין ישראל און אַנדערע פאָרמען פון געאייניגטער אַקציע דאָרטן — קאָמוניסטן איינגעשלאָסן — אָדער דיאַלאָגן פון מענטשן פון פאַרשיידענע ריכטונגען.

מיט דרך ארץ,

פּ. נאָוויק